מרדכי שטריגלער

# צו אייך שוועסטער און ברידער באַפרייטע

## נאָכמלחמה־פּראָבלעמען פון יידישן פאָלק



אַרויסגעגעבן פון
זאַמאָשצער ברענטש 375 אַרבעטער־רינג
מיט דער מיטהילף פון
„ציקאָ" און „צוקונפט"

ניו־יאָרק — 1945

.1

שוין . . . אַט זיינען מיר נאָכן קאַשמאַר — — — —

שוין שטעכט נישט מער דאָס שפּיזנאָויג פון די מונדירטע בעס־טיעס אייער לייב און נשמה. שוין זיינען אויסגעלאָשן די לעצטע פייערן פון די קרעמאַטאָריום־פּיסקעס, וואָס האָבן אַזוי גיריק איינגע־שלונגען די בעסטע הונדערטער־טויזנטער און מיליאָנען פון אונדזער פאָלק . . . שוין וועט אייך נישט ווייזן יענער סעלעקציע־אָנגעשטעל־טער שוידער־פינגער דעם וועג צום גיהנום־טויער פון גאַז־אַנשטאַלט אָדער שיס־פּלאַץ.

געענדיקט האָט זיך אויך פאַר די ווייניק־געבליבענע דאָס לעבן אין שענדלעכער פאַרשקלאַפונג, דערנידערונג און מאָראַלישער גע־פאַלנקייט.

און דאָך . . . דאָך מוז מען נאָך שרייען און אריינשרייען טיף אין דער נשמה פון יעדן געבליבענעם ייד: העי, דו! דו ביסט שוין פריי! . . . שוין האָבן זיך אויפגעהויבן די דראָטן־גרויזן, אין וועלכע מ׳האָט אייערע גופים איינגעקלאַמערט אין מיידאַנעק אָדער אוישוויץ; בערגן־בעלזען, בוכענוואַלד, טערעזיענשטאַט, ראַווסנבריק אָדער דאַכאַו; מ׳מוז אָבער האָבן אין זיך דאָס אייגענע געפיל פאַר באַפרייאונג, בכדי אַרויסצוקריכן פונעם פּסיכאָז, וואָס האָט זיך איינגעקריצט ביז משוגעת אין יעדנס נשמה . . .

**מיר מוזן זיך אַליין באַפרייען אויפסניי!**

יעדערער מוז זיך קלאָר מאַכן, אַז יידישקייט איז נישט קיין שאַנדפלעק, וואָס הויערט ווי אַ זונה־צייכן אויפן שטערן און פון וועלכן מען מוז זיך ביים ערשטן ווינטל באַפרייען!

אמת איז נאָר אַז די יאָרן פון גרויל און פאַרניכטונג האָבן אונדז דעם באַוואוסטזיין פאַרנעפּלט און אונדז קליין געמאַכט, זעלבסט־באַשפּייעריש און אונטערטעניק. מיר האָבן זיך שוין צוגעוואוינט, צוליב די קראַנקע צייט־באַדינגונגען צום געדאַנק, אַז אַלץ וואָס ס׳איז נישט יידיש איז בעסער אָדער באַקוועמער. און מיר האָבן זיך אויס־געלערנט חלומען פון ביליקער באַקוועמלעכקייט . . .

און נישט איין מאל וועט מען זיך מוזן אריינשרייען אין די אייגענע געדאנקען אריין: **אוועק מיט אט דער „יידישער" געפאלנקייט!** אוועק מיט יענע צייטן, ווען אונדזערס א שוועסטער האט זיך געפילט באגליקט מיטן שמייכל אדער א באריר, וואס איינער פון „יענער" זייט האט איר געשענקט — — —

נישט מיט קיין באשולדיקונג זעץ איך זיך אוועק קלערן וועגן אייך, שוועסטער מיינע! ס'קומט אייך נישט פונעם געפיל פון באדויער, נעמענדיק אין אכט יענע אומשטענדן. וואס האבן צו אזעלכע דערפירט . . .

ווען איר האט זיך געדארפט באנוצן מיט אזעלכע מאפירן, וואס האבן א גענדיכטן פארהאנג איבער אייער הארץ פארצויגן! ווען איר האט זיך אין דער אייגענער נשמה אריין — צוליב היפער־מאסקאראד — אריינגעשפיגן!

**טרייסלט אראפ פון זיך יענע קאשמארפולע תקופה ווען איר האט זיך געשעמט דערמיט מיט וואס איר האט באדארפט שטאלץ צו זיין!**

מיט כבוד זאלט איר טראגן דעם שווארצן קאפ האר און זאלן ווידער אייערע גרויסע יידישע אויגן גלאנצן מיט יענעם אומעטיקן שטאלץ פון א פאלק מיט א געשיכטע פון פינף טויזנט יאר „לא תרצח"־קולטור!

**נישט איר האט זיך צו שעמען מיט דעם וואס מ'האט אייך געברענט אויף די שייטערהויפנס, נישט איר זענט שולדיק פאר דער קללה, אז „אויך צווישן די פעלקער וועסטו קיין רו נישט געפינען!"**

איר אליין אנערקענט זיך פאר שולדיק אין נישט־באגאנגענע פארברעכנס ווען איר אנטלויפט פון אייער יידישן פרצוף. אן אומשולדיקער דארף שטאלץ קענען זיין אומשולד אויסטראגן! גלייך דארף ער קענען קוקן זיין מערדער אין פנים! **ווער ס'פארווארפט זיין יידישקייט אין אזא שווערן מאמענט איז א פעפערקארן, איז אן אומדירעקטער בלבול־מאכער אויף זיינע אייגענע ברידער, אויף זיינע עלטערן און זיין פאלק!**

— ווען מיר זיך נישט באפרייען פון יענעם מינדערווערטיקייט־קאמפלעקס, וואס האט אונדז זיך געלערנט שעמען מיט אונדזער יידיש געשטאלט, מיט אונדזער יידישן טראכט און אונדזער יידיש מאמע־ווארט!?

אַ מיליטער־קראַפט האָט אונז אַראָפגעריסן די קייטן, וועלכע זיינען אָנגעבונדן געווען אויף אונדזערע הענט, פיס און קערפער. ווער וועט אונדז אָבער באַפרייען פון די גייסטיקע קייטן ? ווער וועט אונדז באַפרייען פון דער פסיכאָלאָגישער משא, אונטער וועלכער דער פאַשיסטישער באַנדיטיזם האָט אונדזער גייסטיקן רוקן געבויגן — אויב נישט מ י ר אַ ל י י ן ?

נישט אַזוי לייכט איז עס אונדז, גלות־צעשפּרייטע, צו שפּירן אין זיך דאָס געפיל פון זיין גלייך **מיט אַלע גלייכע אינעם אמת׳ן, עכטן** באַדייט פון דעם דאָזיקן באַגריף ; דאָס נאַטירלעכע, פשוטע געפיל פון האָבן אַ שפּראַך, אין וועלכער מאַמעס האָבן קינדער געוויגט, אין וועלכער דיכטער האָבן געזונגען און אונדזערע פאָר־דורות האָבן אין איר געקלאַגט און געוויינט . . .

דאָס לעבן זעקס יאָר אין די היטלעריסטישע קאַזאַמעטן האָבן פון אונדז אויסגענאָגט דאָס לעצטע ביסל פאַרשטענדעניש פאַר יענער קולטור, וואָס האָט זיך אַדורכגעשלאָגן אַ וועג נישט מיטן כוח פון מלוכה־פאָנדן, נאָר מיט דער קראַפט פון אַ האַרטן, אומגעבויגענעם פאָלקס־ווילן ; וואָס איז געבאָרן געוואָרן אין שטיקנדיקע פּראָלעטאַריער־הייזקעס אָדער אין די געסלקעס פון די יידישע געטאָס . . . אַ קולטור וואָס האָט זיך נישט געלאָזט אונטערשווענקען אין טויזנטער יאָרן לעבן אויפן דיאַספּאָראַ—וועזוף — — —

איר זאָלט וויסן : **איר זענט לעבנגעבליבן !** דער אַזוי זיגערישער פאַשיזם האָט אויף זיין שמוציק־בלוטיקער פאָן אויפגעשריבן די רעשט־לאָזע פאַרניכטונג פון אונדזער פאָלק. איז געקומען די געשיכטע און האָט אין דער לעצטער מינוט געפונען דעם וועג פון גערעכטיקייט, אויסשרייענדיק איר מוטיקן און הילכיקן : נ י י ן ! און איר . . . און מיר . . . געציילטע זיינען מיר פאַרבליבן !

זאָל אונדז איינס קלאָר זיין : יעדער וואָס וועט זיין שטאָם פאַר־וואַרפן, וואָס וועט פאַרלאָזן דעם יידישן וואָרצל זיינעם — זעצט בלויז **פאָר די וויטערדיקע אַרבעט פון יענע בלוטיקע הענקער !** פון זיינע הייכן און קאַטאַקאָמבן אַרויס וועט דאַן דער פאַשיסטישער טייוול פריילעך שטשירען מיט די גרויסע ציין איבער זיין ענדגילטיקן זיג איבער די לעצטע יידישע באַזיגער זיינע . . .

„ . . . יאָ, וועט ער פריילעך צו זיך אַליין ברומען — אין די גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריומס איז געשטערט געוואָרן די אַרבעט ביים לעצטן צוג ; זיי טראָגן אָבער אין זיך, אין זייער האַרץ יענע ווירקונג

פון מיינע פאַרניכטונג־אַנשטאַלטן . . . און יענע פסיכישע סוגעסטיע וועט שוין טאָן ס'איריקע אַז דער לעצטער ייד זאָל פאַרשווינדן . . ."

און פאַר יענע וועלן מיר בלויז האָבן דעם זעלביקן עקלדיקן שפּיי אין פּנים און די זעלביקע באַציאונג, וואָס מיר האָבן געהאַט און האָבן צו יעדן ביליקן האַנט־דערלאַנגער פון פאַשיסטישן טעראָר און פעל־קער־אונטערדריקער!

2.

מיר, יידישע יוגנט, געקומענע אויף דער וועלט נאָך דער ערשטער קעגנזייטיקער שחיטה פון דער מענטשהייט, קענען נאָך נישט ווי גע־העריק אויפנעמען און איבערפאַרדייען אין אונדזער גייסטיקן מאָגן דעם אמתן געדאַנק פון פעלקער־פרייהייט.

און ס'איז נישט קיין וואונדער!

אויף אַ קראַנקער וועלט וועלט זיינען מיר געבאָרן געוואָרן!

ביי אונדזער וויגל האָט אויפגעשפּילט די קאַץ־מוזיק פון שוואַרץ־הימלדיקן פאַשיזם; אין אונדזער שול־עלטער האָט די ברוינע פּעסט געלאָזט אַרויסיואַקסן נעגל. וואָס האָבן מיט זייער שאַרפקייט גענומען דראָען די וועלט. פון דער מגפה האָבן זיך גענומען אָנשטעקן לענדער און קאָנטינענטן. און אין אונדזער ערשטן, יינגלשן רייפן האָבן מיר געהערט די פאַר־רעפּעטיציעס פון דער קומענדיקער וועלט־שחיטה אונ־טער די פענער פון טאָרקוועמאַדאַס לעצטן אייניקל, פראַנקאָ . . .

וואָס־וואָס, נאָר מיר, געבאָרענע יידישע יוגנט פון מזרח־אייראָ־פּע, האָבן שטענדיק באַקומען אונדזער פּאַפּירענע „גלייכבאַרעכטיקונג" איינגעוויקלט אין פּאָגראָמען און פּאָגראָמעלעך, אין קליינע געטאָ־פּערפּאַסטנס, באַיקאָטן און דיסקרימינאַציעס.

דער פאָרשפּיל צו יענער „אַנדערשקייט" איז געקומען — אָדער איז אייביק געווען — אַ סך פריער איידער די גרויסע טראַגעדיע אונ־דזערע איז אויף דער אייראָפּעאישער בינע אויסגעשפּילט געוואָרן.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן דאָס פאַרצווייפלטע אַנטלויפן צו פּאָלאָ־ניזאַציע, מאַדיאַריזאַציע און אַנדערע פסיידאָנימען אַזעלכע פון דער געעלטערטער מאַדאַם אַסימילאַציע . . . אַ גרויסער טייל פון אונ־דזער יוגנט האָט נישט געוואָלט זען די קנייטשן און איבערגעעלטערטע, גרינע אָדערן אויפן פּנים פון אָט דער דאַמע . . . ווערנדיק געלאַקט

פון דעם נדן, וואָס מ׳האָט געהאַפּט ביי איר צו טרעפן, — האָט מען דערוווייל פאַרזען, אַז די צייט אירע איז שוין אָפּגעלאָפן און אַז די מאָדערנע צייט האָט שוין אויסגעפּיקט אַ פּיקאַנטער שפּיל, פון בלוט און ראַסע . . .

דער אייביקער שטעכיקער בליק, די לעבנס־אומשטענדן אונטער יעדן שטייגער פּסיידאָדעמאָקראַטיע האָבן זייערס געטאָן בכדי אין אונדז איינצואוואָרצלען יענעם געפיל פון גייסטיקן דלות. מיר האָבן אויפגעהערט צו פילן דאָס וואָס יעדער איינער אונטער זיין פאָלק פילט און דענקט! דאָס לעצטע קאַפּיטל פון אייראָפּעאישן יידנטום אונטער דער בלוט־הערשאַפט פון די היטלעריסטישע שדים האָט שוין די רעשט געווירקט, אַז אין געוויסע עלעמענטן זאָל געבאָרן ווערן יענע מייזן־פּסיכיק פון לעבער־איינוואוינער, פון אַנטלויפן פאַר יעדן הויכן טראָט.

לעבנדיק אין די דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, האָב איך זיך דערמיט געזען אָנגעטראָפן. דאָס היטלער־פאַרזעעניש האָט געבאָרן דאָס קריפל וואָס האָט זיך — צווישן אונדז — דעקאָרירט מיט אַזעל־כע „אויסצייכענונגען" און דערהייבנקייטן ווי: „האַלב־יודע", „פערטל־יודע" און דערביי געמיינט, אַז יידישע הערצער אָדער יידי־שער גורל מעסטן זיך אויפן צענטימעטער . . . ביי זיי, די האַלב־מאַדיאַרן, פערטל־דייטשן און צערעמאָניע־משומדים (מיין אַכטונג דערביי פאַר יענע געציילטע וואָס האָבן זייער „האַלבקייט" און „פערטלקייט" אויפגענומען ווי אַ טראַגעדיע!) איז יידישקייט געווען אַ מין שוואַרץ־הויטיקע פּראָבלעם, וועלכעס מוז געקרייצט ווערן מיט ווייס בלוט בכדי ס׳זאָל פאַרשווינדן . . . און דאָס האָט געווירקט אויך ביי די „פּולע" צו זוכן פאַר זיך יענע „נזורו־אחור"־טריט אין די פריי־ערדיקע דורות אריין . . . מ׳האָט געזוכט, ביז פאַרצווייפלונג, אַ פרעמדן בלוטס־טראָפּן אין די אייגענע אָדערן און נישט געקענט גע־פינען — — —

און אַלץ האָט זיך דערביי אויסגעמישט: היסטעריע, מנובל־דיקייט און עקלדיקע משוגעת . . .

און דאָס איז געטאָן געוואָרן נישט צו ראַטעווען זיך דאָס לעבן (אַזעלכע וואָס האָבן געטאָן בימי הרעש האָבן אַ הייליקן נאַציאָנאַלן חוב דערפילט און זאָלן זיי געבענטשט זיין אויף אייביק פאַרן ראַ־טעווען אין זיך נאָך אַ זין פאַרן פאָלק!) נאָר צום פּאַראַד, צו באַווייזן

אינערהאַלב די יידישע, אייגענע רייען, אַז מ׳איז דאָך חשובער, דאָך אַנדערש, מיוחסדיקער ווי אַנדערע יידן.

(און וויפל דייטשע יידן האָבן שטאָלצירט, זייענדיק אין קאָנצענ־טראַציע־לאַגער אַלס ייד, מיט דעם וואָס זיי האָבן „אַרישע" פּרויען, מיט דעם וואָס זייערע קינדער זענען שוין אין דער היטלער־יוגנט ? !).

פאַר מיינע אויגן טויכט אויף דאָס בילד פון אַ הויכן ס.ס.־שלעגער ביי מיין אַרעסט אין וואַרשעווער סיים. איך האָב דאַן געהאַט די גע־לעגנהייט זיך איינצוקוקן אין דעם רוצחס פּנים און כ׳האָב איינפאַך געשטוינט : גאָט מיינער ! אַזעלכע טרויעריקע יידישע אויגן ! אַזאַ יידיש פּנים — ווי קומט עס צו אַזאַ מערדער ! ?

שפּעטער, אין מיידאַנעק און אין אַנדערע לאַגערן, האָב איך ווי־דער אָנגעטראָפן אַזעלכע פּנימער, וואָס האָבן מיין לעצטן טראָפּן רו אויף דער האַרטער לאַגער־פּריטשע צוגענומען . . . לאַנג האָט מיין מוח זיך געדאַרפט מאַטערן אויף אָט דעם רעטעניש ביז כ׳האָב דעם שליסל געפונען : דאָס זיינען די קינדער פון פריערדיקע „האַלבע" און „פערטל" יידן ! דאָס האָט די אַמאָליקע אַסימילאַציע אונדז פאַר־זאָרגט מיט אַ צוגאָב־קאָנטיגענט רוצחים ! ! ! בלויז דער לץ אינעם געשיכטע־מאַנטל האָט די יידישע שטריכן אויפגעהיט ווי אַן איראָניע... פאַר מיר איז עס געווען אַ וויטיקלעכע דערמאָנונג, אַ וואָרענונג פאַר די ווייטערדיקע ליפעראַנטן פון רוצחים פאַרן אייגענעם פאָלק !

(און איז דען נישט דערזעלבער ביישפּיל געווען אין אונגאַרן ? און אין וויפל פּוילישע נאַצי־מיטהעלפער האָט געריזלט דאָס בלוט פון אַזעלכע נחמן בוסקערס פון יעקב פראַנקס תקופה ?).

כ׳האָב דאַן דערשפּירט בחוש ובעין דעם שטעקן פון יענעם פאַר־טאָלן אַסימילאַציע־טעות אויף אייגענער הויט . . .

די אויפגאַבע פון יעדן איינעם פון אונדז, וועלכער האָט נאָך זיין לעצט ביסל געזונטע נערוון נישט פאַרלאָרן, איז דעריבער צו שרייען און צו וועקן : אַרויס פון אָט דעם שפלות־פּסיכאָז !

איר האָט זוכה געווען אַריינצולעבן אין אַ וועלט אַריין וואָס וועט ד א ך מוזן אַנדערש ווערן ווי די פריערדיקע, מוזן בעסער ווערן ! און אָט אין דער וועלט קענט איר האָבן דאָס רעכט אויף אייער אייגן, מענטשלעך און נאַציאָנאַל געשטאַלט . . .

דענקט אָבער נישט, אַז בלויז איר זענט לעבן געבליבן. איר זענט נישט קיין צעבראָכענע מצבות איבער די אומבאַקאַנטע קברים, נאָר דער יונגער זאָמען אויף אַ פעלד, פון וועלכן ס׳מוז צוריק אויפשטיין אַ ניי פאָלק !

**אין אייך זיינען לעבן געבליבן יענע מיליאָנען פּאַרגאַזטע און פאַרברענטע, יענע אויסגעמאַטערטע און אויסגעלאָשענע! מיט אייער** לעבן בלייבן זענט איר זיי אַ גרויסן חוב שולדיק געבליבן און — ווייל **איז אייך ווען איר גלייבט, אַז איר וועט אים אָפּצאָלן מיט אַ בלויזן, טרערנלאָזן קדיש! . . .**

די היסטאָרישע צוקונפט שטייט מיט אָנגעשפּיצטע אויערן און קוקט זיך צו, אויב איר וועט האַנדלען ווי מענטשן אין אַ היסטאָרישער, טראַגיש-גרויסער תקופה אָדער ווי פּחדנים און פאַררעטער!

**יענע ברידער, פאַטערס און חברים זיינען געפאַלן אויפן פראָנט פון דער יידישער פאָלקס-צוקונפט! זיי האָבן איבערגעלאָזט אויף אייערע הענט די אין בלוט געוויקטע פאָן . . . ווילט איר זי — שוין אַלס געראַטעוועטע — אַוועקוואַרפן?! וועט איר אַזוי אַרום באַערן אייערע מיליאָנען געפאַלענע?**

. . . שטילשווייגנדיק שטייען די מיליאָנען-רייען פון יענע סי-לועטן. בלויז זייער פאַרברענטער בליק רופט שטום, מאָנענדיק און דראָענדיק: גייט מיטן טריט פון באַוואוסטזיניקע יידן: אויב אונדז האָט אונדזער צייט בלויז געגעבן די מעגלעכקייט אַלס יידן — אומצו-קומען . . . נוצט זשע אויס איר ווייניקע, גליקלעכע און אומגליקלעכע צוזאַמען, אייער שאַנס צו לעבן אַלס פרייע מענטשן און יידן! זאָל עס איבעראַל זיין דער יידישער אַקסל, די יידישע מיטאַרבעטער-האַנט ביים אויפבויען אַ נייע און גערעכטע וועלט . . .

3

ד**ער בעסטער ענטפער פאַר די באַרבאַרן פון אַלע צייטן איז דאָס** פאַרזעצן אונדזער פאָלקס-קיום. צו להכעיס דער פאַשיסטישער בעס-**טיע-באַנדע מוז אויפלעבן דאָס נייע אייראָפּעאישע יידנטום. און** דאָס אין דער הערלעכסטער אויפלאַגע אויפן געביט פון מענטשלעכן אויפבוי מיט אַ באַנייטער, אייגנאַרטיקער קולטור.

נישט בלויז אַ דעמאָנסטראַטיווע עקזיסטענץ דאַרף אונדזער ציל זיין, נאָר אַ פּראָדוקטיוו, ערלעך לעבן אויפן שוים פון אַ ריינער, זוי-בערער פאָלקס-קולטור. און אויב עס איז אונדז נישט מעגלעך אונ-דזער קולטור אויסצובויען אויף די חורבות פון אונדזער אַמאָל, אויב מיר ווילן נישט פראַוון אונדזער חתונה אויפן בית-הקברות פון אונ-

דזוערע מיליאָנען — איז אָבער פ אַ ל ק העכער איבער טעריטאָריע־פּראָבלעמען. מיר האָבן שוין נישט איין מאָל אין אונדזער געשיכטע געמוזט אַוועק פון איין לאַנד און זיך אויסבויען אין אַ צווייטן, וואו מיר האָבן אַנדערע מעגלעכקייטן געהאַט.

און זאָלן זיך געפינען אַזעלכע צווישן די געבליבענע יידן, וועלכע ווילן זיך לאָזן אויף דעם „אומבכבודיקן" וועג פון פארשווינדן, פון אונ־טערטויכן אונטער פרעמדע וואַסערן און איבער דער אייגענער נשמה מאַכן אַ שטריך: אַסימילאַציע, טאַ זאָלן זיי! מיר וועלן אַזעלכע אפילו נישט נאָכשרייען: דעגענעראַטן איר! שקלאַפן איר און קראַנקע נשמות! ניין... ווייל — ס'האָט נישט קיין זין אַפּצושרייען אַזעלכע מיט געוואַלטן, ווי עס האָבן עס געטאָן אונדזערע באָבעס ביי אַ גוסס צוקאָפּנס...

וואָס קען מען דען פון אַזעלכע טויט־וואַסערישע נשמות דער־וואַרטן? ביים אויפוועקן זיי אויף אַ האַלבע מינוט צום לעבן? זאָלן זיי גיין!!! מיר דאַרפן בלויז לעבן אַזוי, אַז פאַר יענע זאָל עס זיין אַ שאַנד, דאָס וואָס זיי געפינען זיך נ י ש ט אין אונדזערע רייען!...

מיר ווענדן זיך בלויז צו די, אין וועלכע עס טליעט נאָך יענער געזונטער יידישער פונק, וועלכער וויל צוריק אין אַ פלאַם אויפהעלן! זאָלן זיי נישט מיינען, אַז זיי וועלן איינזאַם זיין!

צו יענע ברידער און שוועסטער ווילן מיר בלויז זאָגן: איר זענט נישט אַליין! מיר זיינען נאָך דאָ! און ביי פרייערע פאַר־העלטענישן וועלן מיר ערשט אויף רעכט זיין!

מיר ווילן און וועלן זיין יענער אַוואַנגאַרד, פאַר וועלכן די הע־ראָאישע און בלוטרייכע יידישע וועלט־געשיכטע וועט געפינען די גע־העריקע אָפּשאַצונג! און איבער יענע, אויך איבער זיי, וועט די גע־שיכטע אַרויסטראָגן איר אורטייל — — —

מיר ווייסן, אַז אויף דער וועלט וועט נישט הערשן קיין אַבסאָ־לוטע רו ביז די שאַרפע קלאַסן־אונטערשיידן וועלן נישט פאַרשווינדן. און מיר וועלן אין דעם אויסלייטערונג־קאַמף מיטהעלפן צוזאַמען מיט אַלע פרייהייט־ליבנדיקע פון גאַר דער וועלט. איין גרופּע וועלן מיר אָבער שטענדיק שפּייען דעם אמת אין פּנים אריין! דאָס וועט זיין יענע גרופּע וואָס אַנטלויפט ווי שטשורעס און לאָזט אויף הפקר אונ־דזער אומגליקלעכע שיף, וואָס איז אַזוי שווידערלעך צעשלאָגן געוואָרן פון די פאַשיסטישע פעלזן...

דאָס אַנטלויפֿן פֿון אייגענעם פֿאָלקס־איך — דאָס איז חניפה, עגאָאיזם און פּחדנות . . . און אַזעלכע וועלן שוין קיינמאָל מוטיק נישט זיין ! מה־יפית אין יעדן געשטאַלט איז נישט פּעאיק נישט צו קלאַסן־קאַמף און נישט צו זיין דער טרעגער פֿון פֿרייהייטלעכן וואָרט און געראַכטיקייט . . .

עס שרייבט די ווערטער אַ יונגער ייד, וואָס איז אין זיינע בעסטע יוגנט יאָרן אַריינגעשליידערט געוואָרן אינעם פּיסק פֿון דער גרויסער נאַצי־חיה און איז ביי איר זעקס יאָר אַפּגעלעגן אין דער נאָרע. אין יענע יאָרן, ליגנדיק אויף דער האַרטער לאַגער־פּריטשע, אין מיידאַנעק אָדער בוכענוואַלד, האָט ער גענוג צייט געהאַט פֿאַרשיידנס צו זען. און געזען האָט ער דאָרט דעם מענטש אין זיין גאַנצער נאַקעטקייט. די מענטשן, ווען זיי וואַרפֿן אַראָפּ, אין געוויסע אומשטענדן, זייער מאַניערן־מאַסקע, קען מען אַמבעסטן דערקענען. מיט צער האָט ער דאַן אַלץ צוגעזען און צוגעהערט . . . און געוואַרט האָט ער אויף יענעם מאָמענט, ווען ער וועט קענען עפּעס טאָן, עפּעס רעדן צו די מיט־מענטשן זיינע . . .

און אויב ער האָט דאָס דערלעבט — וועט ער, ווי אַ זעלנער, זיך שטעלן אין יענער ריי צוריק צו ב אַ מ ע נ ט ש ן די וואָס האָבן שוין פֿאַרגעסן דערין . . .

און אויב ס'וועט זיך פֿאָדערן פֿון אים זיין גאַנצע יוגנט אַוועק־צוגעבן — וועט ער עס מיט פֿרייד טאָן !

און צום וויפֿלטן מאָל : אַלס מענטש און ייד !

מיר ווילן נישט זיין קיין אידעאַלע מלאכים און נישט קיין מאָראַל־פּרעדיקער, וואָס שטעלן זיך מיטן רוקן צום לעבן. אַ מאָנונג און אַ וואָרנונג מוז אָבער קומען פֿאַר די וואָס ווילן אַלץ פֿאַרוואַרפֿן און אַוועק אויף די וועגן פֿון פֿליישיקער הנאה — ביז משוגעת, ביז פֿאַרגעסן אין אַלץ און אַלע.

זיינען מיר געבליבן — האָבן מיר אַן אויפֿגאַבע ! און מיט שטאָלצער פֿרייד מוזן מיר דעם חוב פֿאַר אונדזער פֿאָלק באַצאָלן. און זאָל אונדז נישט אָפּשרעקן די צוריקגעפֿאַלנקייט פֿון אַזויפֿיל ברידער און שוועסטער אונדזערע אין די זעקס יאָר היטלער־גיהנום.

מיר ווייסן : אויך די אויסניכטערונג וועט און מוז קומען ! אין אונדז ליגט די ווידעראויפֿוועקונג און די ווידערגעבורט. מיר אַליין קענען אונדזער וואָרט צוריק לייטערן און ווידער שפּרייזן אין פּשוטע, מענטשלעכע טריט.

מיר ווייסן: ס'איז שווער . . . געצייל̈טע און צ'עברעקל̈טע — טאָ — ווי אזוי? ווי אזוי צוזאַמענצושטעל̈ן צוריק די יידישע אייראָ־פּעאישע קול̈טור? זאָל̈ן מיר אָבער וויסן, אז מיר זיינען נישט איינ־זאַם. מיר האָבן נאָך מיל̈יאָנען פון וואַנען מיר קענען ד'עם אוואַנגאַרד פון באַגייסטערטע יידן אויסזוכן! די גרויסע צענטערן פון יידן אין אַמעריקע, ראַטנפאַרבאַנד און ארץ־ישראל ווייזן אונדז, אז מיר זיינען נישט קיין גענצל̈עך־פאַרל̈אָזטער שבט אין דער אייראָפּאישער פעל̈־קער־משפחה. נאָך זיינען די מיל̈יאָנען יידיש־רעדנדיקע און יידיש־טראַכטנדיקע מיט אונדז! און מיר וויל̈ן און וועל̈ן די הערל̈עכע, היס־טאָרישע ל̈אַסט אויף זיך נעמען און מיט פרייד זי טראָגן ווי די שענסטע, רומרייכסטע פאָן.

צו יענע, די וואָס האָבן נאָך נישט געקענט ביז־איצט זיך דעצי־דירן, מוז ווידער און ווידער געזאָגט ווערן: שוין איז אוועק יענע צייט, ווען די ל̈עצטע זין און טעכטער פון פאַרברענטן פאָלק ישראל זיינען געפירט געוואָרן אויף די שענדל̈עכע שקל̈אַפן־מערק צו פוצן רוצחים־שטיוול! אויס איז מיט יענע צייטן, ווען איר האָט געזוכט דאָס געפעל̈ערישע שמייכל̈ פאַר אייער האַר, די בייטש, ווען איר האָט געזוכט זיך אַליין צו באַשפייען און באַטרעטן — — —

ל̈ערנט זיך אויס צו טראָגן מיט כבוד די מאַרטירער־אָפּצייכנס פון פאָלקסשטאַם אייערן! די געשיכטע האָט באַפויל̈ן: איר טאָרט נישט אונטערגיין! און מיר וועל̈ן עס פאַר אונדזער ל̈עבנס־פּראָגראַם מאַכן! אויף די הורבות פון אַל̈טן אייראָפּע וועט אויפוואַקסן דאָס נייע ל̈עבן. נישט קיין באַוועגונג און נישט קיין עקשנותדיקע פּאַנאַ־טיקער־גרופּע, נאָר אַ פאָלק מיטן נאָמען: דער נייער ייד!

4.

אין די איצטיקע שווערסטע טעג אונדזערע טויכן אויף אין מיר זכרונות און ספיקות פון פאַרגאַנגענע צייטן.

ווי אַ סימבאָל̈ שווימט פאַר מיר אַרויס אַ שוין־ל̈אַנג פאַרגעסן געשטאַל̈ט, וואָס דערמאָנט מיך אין אַ געראַנגל̈ פון אַ קל̈יין פאַרגעסן פּאָל̈ק פאַרן אייגענעם קיום. קל̈יין־ייִנגל̈ישע צייטן געוועזן . . . האָב איך דאַן דערפאַר בל̈ויז געהאַט גאַל̈ און איראָניע.

ווייל̈ — ווי אַזוי קען עס קומען אַזאַ סעקטע פון אַ דרייסיק טויזנט

נפשות און קעמפן פאַר אַן אייגענער רעליגיע, פאַר דער אייגענער קולטורעלער עקזיסטענץ?

היינט איז געקומען דער אומברחמנותדיקער גורל און האָט מיך און מיין פאָלק געשלאָגן אָט פונקט ווי יענע — — —

כ׳געדענק: 1934! נאָר וואָס פון די קינדער־שיך אַרויסגע־קראָכן און שוין בין איך פאַרוואָגלט קיין וואָלין. אַ ישיבה־בחורל — אינטערעסירט מיך אַלצדינג אין דער וועלט. און כ׳טרעף אָן אין לוצק אויף אַ נייער מיר־באַקאַנטער רעליגיע. יענע קראָים פון די אַלטע תשובה־ספרים אַרוים טרעף איך דאָרט אַלס לעבעדיקע קאַראַ־אימער. שנעל באַקען איך זיך מיט זייערע ליידן און פריידן און מיט מיין יינגלשן מוח הייב איך אָן באַגרייפן דעם שווערן וועג פון אַ „פאָלק״, וואָס האָט סך־הכל פ י ר קיבוצים אין אַמאָליקן פוילן ... די איינציקע פאַר „חכמים״ (כאַכאַמים) אין לאַנד ווילן דערהאַלטן די קאַראַאימישע יוגנט ביי דער שבט־טראַדיציע ... אָבער ווי אַזוי? ווייניק פון דער יוגנט וואַקסט אויף אינעם גייסט פון די אָבות. פאַר־שיידענע האַרבע געזעצן האָט די קראָים־הלכה אויסגעקלי־גלט, וועלכע קענען לייגן שטיינער אויף די וועגן פון אַ גרוים פילמיליאָניק פאָלק; בפרט ביי אַ קליינער סעקטע, וועמענס דרייסיק טויזנט ס׳זיינען צע־וואָרפן איבער ליטע, וואָלין, גאַליציע און „פאַלעסטינע״ ...

דער יונגער דור וויל חתונה האָבן אָבער — מיט וועמען? קליין איז דער אויסוואַל ... אַ קנאַפּער פּראָצענט יוגנט! געפינט זיך שוין יאָ אַ צוגעפּאַסטע יונגע פּאָר — זיינען זיי צווישן זיך קרובים און די מינדסטע קרובהשאַפט טרעפט זיך אָן אויף האַרבע פאַרבאָטן מצד דער קאַראַאימישער רעליגיע ... **בלוטשאַנד!** און ווי אַזוי קען אַזאַ הייפל — וואָס איז זיך בלויז צווישן זיך משדך זייט יאָר־הונדערטער — נישט זיין משפּחה־פאַרקייטלט איינער מיטן צווייטן?

מיר יידן זיינען נאָך דאָן, אַלס פאָלק, „רייך״ געווען: זיבעצן מיליאָן! דערונטער דאָס יידישע אייראָפּע מיט 9 מיליאָן ... און מיר אַליין לעבן אין אַ דריי־אַ־האַלב מיליאָניקן פּאַטריאַרכאַלן יידישן קיבוץ אין פּוילן, מיט וואַרשע, ווילנע, לאָדזש, לובלין און ביאַליסטאָק!

ווי אַזוי זשע האָב איך, יינגל, דאַן געקענט פאַרשטיין יענעם פאַנאַטישן גערוּנגל פון אַ פאָלק אין גסיסה?

... געדענק איך: אַן אַלטער קאַראַאימער. די באָרד גרוי... און אַ פאַרמעט־שטערן. צווישן די ביימער נעבן דעם אַלטן „בית־

כנסת" זייערן אין לוצק. ווי אַן אויסגעצויבערטע געשטאַלט פון די אוראַלטע הייכן, ווייזט ער מיר אָן מיט אַ פינגער:

ס'קומען אָן מאָדערן־געקליידטע מענער און פרויען און טרעטן אַריין אין געבעטהויז אַריין. און דעם אַלטנס פּנים קרימט זיך אויס מיט צער; זיין ציינלאָז מויל רעדט גיכער צו זיך אַליין, ווי צו מיר:

„כן, כן", זאָגט ער אין קאַראַאימיש־ספרדישן דיאַלעקט — „זייערע קינדער וועלן שוין פון אונדזער גלויבן מער נישט וויסן! זיי רעדן שוין פּויליש אָדער דייטש . . . אַט די קומען נאָך און האַלטן אונטער דעם לעצטן פאָדעם מיט דער סעקטע — זייערע קינדער אָבער וועלן זיך שוין צו דעם נישט פילן שולדיק . . . אוים!"

די שטימע זיינע ציטערט:

„די יוגנט אַנטלויפט פון אונדז . . . פּאָלאָניזירט זיך אָדער גייט אוועק צו אַן אַנדערער באַקוועמערער רעליגיע וואָס פאַרמאָגט יונגע זין און טעכטער לרוב . . . די וואָס האָט נאָך פאַרשטענדעניש פאַר טראַ־דיציע זוכן זיך פאַרשיידענע וועגן בכדי זיך צוזאַמענצוגיסן מיט דעם יידנטום און אויפהערן צו זיין יענער היסטאָריש־פּאַטאַלער און שער־לעכער אבר פון יידישן פאָלק און זיין טראַדיציע. אַזאַ יוגנט פאַר־געסט אין גאַנצן דעם אויפגעבלאָזענעם האַס צו דער עלטערער שוועס־טער־רעליגיע און זוכט די זעלביקע אויסוועגן וואָס די יידישע יוגנט: קיבוץ . . . הכשרה . . . עליה . . .

(ס'איז דאָן געווען איינס פון די גרעסטע פעלערן מצד אונדז יידן — וואָס מ'האָט זיי דאַן חוזקדיק אָפּגעשטויסן . . . אָבער וועגן דעם — ווייטער).

אַ צוזאַמענגוס מיט דער געזינטערער, לעבנספעאיקערער יידי־שער טראַדיציע . . . אַנדערע גייען אָבער נאָך ווייטער און מאַכן שוין אַ סוף צו דער גאַנצער דיסקוסיע פון „מקרא און תלמוד" און פאַר־ענדיקן מיט טויף־וואַסער און אַ הייליק צלם־בילדל . . ."

און עס דערשרעקן זיך די אַלטע אָרטאָדאָקסן פון די קראים: וואָס טוט מען, וואָס? זאָלן מיר אַלץ אויפגעבן און פאַרשווינדן? מיט טרויער קוקן זיי צו די גרויסע שרענק אָנגעפּראַפּט מיט דער קאַראַאי־מישער ליטעראַטור . . . נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל בלעטערן זיי די ספרים פון ענן און שאול ביז יצחק וואָלינער, און זיי ברעכן מיט די הענט: אויף וועמען? אויף וועמענס הענט לאָזן מיר איבער אַט די גאַנצע קולטור און ליטעראַטור אונדזערע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין פאַרלויף פון יאָרהונדערטער? . . .

„. . . מוזן מיר פֿאַרשווינדן?‟ — פֿרעגט מיך יענער אַלטער אין אַ וויכוח . . . און איך, דער ייִנגלינג, מיטן כּוח פֿון פֿילן אונטער זיך אַ געזונט, פֿיל־מיליאָניק פֿאָלק, פֿאַרשטיי נישט אַנדערש: **וואָס ווילן זיי דען, אַז די מצבות אויף אַן אַלטן בית־הקברות? זיי האָבן** דען אַן אַנדער ברירה? מיין ענטפֿער איז שאַרף און טרוקן: **י אָ!**

— — — איז היינט 1945!

יענע בילדל פֿאַרשווינדט מיר פֿון די אויגן און אויף יענעם אַלטן קראָים־אָרט זע איך — **זיך אַליין . . .** דורך מיין וויזיע זע איך זיך דעם פֿינף און צוואַנציק יאָריקן מיט אַ לאַנגער, גרוי־געוויקלטער באָרד ביי אַנצייליקע שרענק מיט ספֿרים, ביי ביבליאָטעקן גאַנצע פֿון אַלטער און נייער ליטעראַטור, וואָס הונדערטער און טויזנטער יידישע מוחות האָבן געשאַפֿן. און דערמיט נישט בלויז **רעליגיע** פּראָפּאַגירט — **נאָר אויך אויפֿגעשטעלט אַ קולטור; וועלכע האָבן אַ ניי־מאָדערן, באַ־**וואוסטזיניק פֿאָלק אויסגעקנעטן . . . כ׳קלער פֿון מיין געבורטס־לאַנד: **פּוילן!**

נאָך זעקס יאָר איינגעקלאַמערט זיין הער איך די ערשטע ידיעות פֿון מיין אומגליקלעך פֿאָלק דאָרט: אַ סימבאָלישע ציפֿער שלאָגט מיר אין קאָפּ אריין: **"דרייסיק טויזנט געבליבענע יידן אין פּוילן!"**

(שפּעטער האָט זיך די ציפֿער פֿאַרגרעסערט, מ׳שמועסט שוין פֿון 80 טויזנט).

**העי, קלאַמערן מיר זיך נישט אַמאָל ווי יענע קאַראַאימער?** און איך . . . איך זאָל עס זיין יענער אַלטער זקן ביי דער פֿאַרלאָזטער ספֿרים־שראַנק?

. . . קומען הונדערטער מענטשן מיט ספֿיקות אַזעלכע וואָס רייסן דיר אָפּ שטיקער מוח; בריוו פֿאַרשיידענע קומען וואָס זוכן ביי דיר ענטפֿער:

זיינען נאָך כאָטש די געציילטע, געבליבענע דאָרט פֿעאיק צו אַ ניי לעבן? זיינען זיי נישט אַמאָל פֿולשטענדיק צוזאַמענגעבראָכן? וועלן נאָך איבערהויפּט אָט די געבליבענע מענער און פֿרויען — אונ־טער דער ווירקונג פֿון דער געטאָ־ און לאַגער־דעמאָראַליזאַציע — קענען פֿירן אַ ריין און זויבער פֿאַמיליען־לעבן אַלס מענטשן און יידן? קען מען דען אין אַ גרויסן ים פֿון מיליאָנען אויפֿטויכן ווי קעפּ פֿון קליינע פֿישלעך דאָ און דאָרט? און אַזוי אָרום ווי אַ גרופּקעלע וועלן דערהאַלטן יענע אייגנאַרטיקייט פֿון אַ פֿאָלק? ווידער און ווידער הערסטו אַזעלכע טויזנטער פֿראַגן . . . און —

**ענטפּער! ענטפּער דערויף!**

זאָל אָבער צוערשט — איידער די פּראָבלעמען וועלן באַזונדער צענומען — איינס געזאָגט ווערן: אונדזער אינטימע „יידנפּראַגע" איז נישט קיין **פּראַגע** דיסקוטירט צו ווערן! נישט וועגן „עס לוינט" אָדער „עס לוינט נישט" באַרירן מיר אָט די פּראָבלעמען: **מיר דאַרפֿן, מיר מוזן, ווילן און וועלן זיין יידן!** זאָלן עס זיין הונדערט מיליאָן אָדער זאָלן עס זיין צען מענטשן צום מנין, און דאָס — אין יענעם עק וועלט! צו די היינטיקע, טראַגישע פּאַרהעלטעניסן זאָל אונדז בלויז איין זאַך קלאָר זיין: **אויב מיר ווילן — זיינען מיר נישט קיין קאַראַאימער!**

5.

**און אָט פּאַרוואָס:**

**מיר זיינען נישט קיין שבט־פּוילן!**

אויב דאָס פּוילישע יידנטום האָט זעלבסטשטענדיק געקענט אויסטראָגן פֿאַרשיידענע שטרעמונגען און שאַטירונגען — קען עס די היינטיקע ליליפּוטן־ציפּער נישט מאַכן! היינט קען מען נישט דענקען וועגן אַ יידיש־פּוילישער קולטור, וועלכע זאָל פֿורעמען און געבן אַ קאָלאָריט אונדזער לעבן ווי אַ פּאָלק צווישן פֿעלקער; דערצו איז צו קליין די צאָל און צו שוואַך אונדזער גייסטיקע פּאָטענץ.

מיר ווילן אויפטרעטן ווי אַ קולטורעלע איינהייט, מיט אַן אייגענער שפּראַך, מיט אייגענע דיכטער, דענקער און פֿאָלקס־פֿירער, און דער **קולטורעלער** ייד מוז שוין האָבן דאָס קאָמפּאַקטע, **אָרגאַניזירטע** יידנטום, בכדי זיך צו קענען גייסטיק אויסלעבן, און דערצו איז נויטיק ביי היינט צו טאָג די **אַלאייראָפּעאישע פֿעדעראַציע פֿון גרעסטעוועטן** יידנטום (וועגן דער פֿראַגע מצד אונדזער ציוניסטישן שטאַנדפּונקט, די גרויסע חובות וואָס ליגן דערביי אויף דעם אַמעריקאַנער יידנטום און מצד די יידישע אינטעלעקטועלע און וואָרט־פֿירער, ווי אויך וועגן דער פֿראַגע פֿון יאָ אויסבויען אָדער נישט אויסבויען פּוילן — די און אַנדערע פּראָבלעמען וועלן מיר באַזונדער באַהאַנדלען). צוזאַמען זיינען מיר אַ קראַפט צום בויען, צום ווידערשאַפֿן! נישט „פּויליש־יידיש" זאָל געזאָגט ווערן, נאָר אייראָפּעאיש־יידיש.

ענגע פֿאַרבינדונגען מוזן אויפגענומען ווערן; עס מוזן שלוחים

זיין וואָס זאָלן אַרומפאָרן פון איין אָרט אין צווייטן איבער אייראָפּע און צוזאַמענבינדן די אָפּגעטיילטע, פונאַנדערגעשיידטע גלידער, שטאַרקן די הענט! דעם גייסט! און אומאָפּהענגיק פון אונדזער ציוניסטישן שטאַנדפּונקט אָדער קולטורעלע סיבות מוזן מיר איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַן עק מאַכן מיט דער אייביקער קינסטלעך־אויפגע־בלאָזענער פראַגע:

מיר זיינען בירגער אין יעדן לאַנד, וואו מיר וואוינען! מיר רעדן יידיש אַלס אונדזער שפּראַך — וועלכע בינדט אונדז נאָך אַלע צוזאַמען מיט אַלע ברידער אונדזערע אויף דער גאָרער וועלט. די געשיכטע ווייסט, אַז אויף דער ערד פון קאַליש און צווזמער, פון פּלאָצק און ווילנע האָבן יידישע טריט געטראָטן פון אָנהייב אָן אַזוי גוט ווי די פּוילישע, און יידיש בלוט האָט זיך פאַרגאָסן אַזוי גוט ווי פּויליש בלוט ביים פאַרטיידיקן די מאַמע־ערד. און אויב מ'לעבט אין אַ גערעכטער וועלט, האָט די יידישע שפּראַך אַזוי פיל רעכט אויף דער פּוילישער ערד, ווי די פּוילישע.

און אויב די דעקאַלטירטע דאַמען מיט די שוים־הינטלעך און די קאַפּע־הויז־הערן מיט די געבויגענע נעז האָבן זיך פאַרקרימט פאַרן וואָרט „יידיש" — איז זי אָבער שטענדיק געווען די צונג פון דעם טייל האַרעפּאַשניקעס, וועלכע האָבן פאַקטיש דאָרט זייער בלוט פאַר־גאָסן ביים קאַמף און זייער שווייס ביים בויען! ס'איז אָבער אויך קלאָר, אַז דאָס אַנטוויקלען אַן אַלגעמיין־אייראָפּעאיש־יידישע אָרגאַ־ניזאַציע איז אַזוי פיל נויטווענדיק און באַרעכטיקט, ווי דאָס שאַפן אַ צווישן־לענדישע אַנטי־פאַשיסטישע פּאַרטיי פון יעדן מין. שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז ס'מוז ווערן פעסטגעשטעלט איין מאָל פאַר אַלע מאָל מיט עקשנות, אַז אין דער צייט ווען אַ וועלט ווערט באַ־פרייט פון פעלקער־האַס, קענען מיר נישט געשטערט ווערן אין אונדזער אָרגאַניזירן זיך!

קיינער וועט נישט וואַגן צו פאַרשרייען דאָס עלטסטע וועלט־פאָלק דערפאַר וואָס עס וויל נישט פאַרשווינדן אַלס אַזעלכעס.

אַ קלאָרקייט מוז אויך קומען אין אין דער פראַגע פון יידיש־העברעאיש (הגם צו גרוים איז די טראַגעדיע און די פּראָבלעמען אַרום איר, מ'זאָל מוזן פאַרלירן צייט אויף אָט דער איבערגעעלטער־טער דיסקוסיע).

יידיש איז געווען די שפּראַך פון אַלע יידן אין דער דיאַספּאָראַ זייט יאָרהונדערטער. דער גרעסטער און קערנדיקסטער טייל פון

יידנטום איז ביז צו די לעצטע מינוטן צו איר געווען צוגעבונדן. אַלס אַזעלכע מוז זי בלייבן די שפּראַך פון די יידן!

דאָס זאָל נישט הייסן קיין אונטערשאַצונג פאַר אונדזער אַלטער קרוין־שפּראַך העברעאיש! די יידן, וועלכע באַזעצן זיך אינעם הייליקן לאַנד פון די אָבות מוזן קענען דאָס ביידע יידיש און דאָס באַנייטע העברעאיש! דער ייד וואָס האָט זיך צוגעוואוינט אין פאַרלויף פון די טויזנטער יאָרן גלות צו אַן אייביקן שפּראַכן־געמיש וועט לייכט קענען פאַרדייען צוויי נאַציאָנאַלע שפּראַכן! און זאָל מען נאָך אין אַזעלכע מאָוימדיקע צייטן נישט מאַכן קיין פּראָבלעם דאָס וואָס יעדער שול־יינגל האָט געמוזט מיטמאַכן!

און פּונקט ווי ס׳וועלן אייביק פאַר אונדז בלייבן יידיש פאָלקס־אייגנטום אַלע קולטור־ווערטן אין דער שפּראַך פון תנ״ך, ר׳ יהודה הלוי, אליעזר הקליר, עמנואל הרומי און לוצאַטאָ — ביז ביאַליק און טשערניכאָווסקי, אַזוי איז אויך נישט אויסצושיידן די יידישע שפּראַך מיט אירע געשאַפענע ווערטן פון דער פאָלקס־נשמה.

מיר ווילן נישט מער איבערחזרן דאָס, וואָס ס׳איז געשען ביי אונדז מיט אַראַביש און אַראַמעאיש! דאָס יידיש, אין וועלכן טויזנטער פון אונדזערע פאָלקס־שלייפער האָבן פאַר זייער פאָלק מאָנומענטן געשאַפן — וועט שוין מער קיין תרגום־לשון נישט ווערן!

מיר ווייסן נאָך אַלץ נישט ווי אַזוי דאָס באַפרייטע אייראָפּע וועט זיך געשטאַלטן. אויב זי וועט שוין פון דער לעצטער בלוטיקסטער שחיטה לערנען, אַז קריג איז נישט בלויז ריוח פאַר קאָנצערנען, נאָר אויך טייכן בלוט און חורבן פאַר מיליאָנען. מיר ווייסן אויך נישט אויב דער געפייניקטער און פאַררעטענער מענטשהייט וועט געגעבן ווערן די מעגלעכקייט זיך אויסצורוען פון בלוטיקן רויש.

איינס איז אָבער זיכער:

אַזוי לייכט וועט זי זיך נישט לאָזן פאַרהעצן!

מיט פאַרצווייפלונג וועט דער שכל קעמפן קעגן רציחה פון יעדן מין. צווישן אַנטאַגאָניזמען און רייבונגען — וועלכע וועלן אייביק זיין צווישן פאָלק און פאָלק — וועט מען אָבער דאָך באַזייטיקן דעם העער באַגנעט אַלס הויפּט־שופט. און אויך מיר — אפילו ווען ביי אונדז אין אייגענעם לאַנד וועט אַ בייזער, שטעכיקער בליק בריען דעם רוקן — וועלן קענען אַדורכזעצן אונדזער קיום און געפינען יענע ווערטער פון פאַרשטענדיקונג מיט אונדזערע שכנים.

.6

לאַנג וועט ער נאָך דויערן דער דערנער־וועג פון יענע הייליקע עקשנים. אינעם אויפגעטרייסלטן אייראָפּע וועט מען נאָך לאַנג דאַרפן וואַרטן ביז מ׳וועט קענען אָפּשליסן די ליסטע פון די געבליבענע יידן. דעם פאַשיזם וועט מען נישט אויסברענען אויף איין מאָל פון אַזעלכע לענדער ווי פּוילן, אוקראַינע און אונגאַרן. לאַנג וועט נאָך אַ ייד נישט קענען פריי אַרויסגיין מיט דעם געפיל, אַז אָט דאָ האָט ער נישט מער קיין שונאים . . .

וועלן טאַקע אַ סך בלייבן אונטער זייערע פרעמדע דעק־מאַנטלען און באַהאַלטענע אין די ווינקלען וועלן זיי אָפּוואַרטן מיט נייגיר: וועט עפּעס ווערן פון אָט דעם נייעם ייד וואָס וויקלט זיך אַרויס?

ס׳וועט אָבער גענוג זיין די ערשטע צעמענטירונג, דער דעמאָבּ־סטראַטיווער אויפטריט און דאָס קלאָרע, פאַנאַטישע האַלטן זיך אויף דער פּאָזיטיווער זייט פון טראַגישן געראַנגל און — זיי וועלן קומען! אויף די הענט און פיס, אויף אַלע פיר וועלן זיי קומען צו קריכן פון אַלע פרעמדע, פאַרשטויסענע וועגן צו אונדז, אין אונדזער אָרעם געצעלט אַריין . . .

מיר וועלן איצט צו יענע נישט בלאָזן און קלאַפּן אויף טרעוואָגע, ווי אַ געשריי נאָך הילף פאַר אונדזער פאָלק; און שפּעטער וועלן מיר אויך ניט צעבלאָזן איבער זייער קומען מיט נצחון־שופרות . . . ביי זייער פאַרשעמטן אַריינשאַרן זיך צו אונדז מיט פאַרפלאָמטע אויגן וועלן מיר מיט איין אויג אַוועקקוקן — ס׳זאָל פאַר זיי די בושה נישט גרויס זיין . . . אין זיך־אַריין וועלן מיר בלויז אַריינשמייכלען . . .

מיר ווילן נישט זיין די ערשטע זעלנער פאַר דער ווידער־באַפריי־אונג פון אונדזער פאָלק, בכדי שפּעטער צו טריאומפירן. מיר ווילן בלויז ראַטעווען! וועט קומען דער ערשטער אַוואַנגאַרד פון „יונגע יידן״ מיט פלאַמיקע הערצער און צאַרטע נשמות, מיט הייליקער עקשנות — וועלן זיי בלויז די סאַטיספאַקציע האָבן, ווען זיי וועלן מיטרייסן די וואַקלדיקע און נאָך די וואַקלדיקע וועלן קומען די פאַרוואָגלטע, די פאַרשטויסענע און אַנטלאָפענע . . .

אָבער לאָמיר זיין רעאַל און ניכטער; וואָס טיילט אונדז אָפּ פון יענעם „קאַראַאימער״־קאָמפּלעקס? פאַרוואָס נאָך אַלץ אַ שטיקל אָפּטימיזם נאָכן איבערגעלעבטן?

ווילן מיר אַ פּראַקטישן סך־הכל ציען:

אינעם היטלעריזם האָבן זיך געקריסטאַליזירט צוויי פאַרשיידענע שטרעמונגען. דער ווילן פון פאַרניכטן און די שקלאַפן־אינטערעסן. אדאנק די שקלאַפן־אינטערעסן איז אַ יידישער פאָלקס־שפּליטער גע־בליבן קעגן די פאַרניכטונג־פּראָגראַמען און דערביי איז דער גרעסטער טייל — ווי נוציקע שקלאַפן — יוגנט וואָס קען נאָך אַנהייבן צו בויען אַ לעבן אויפסניי.

מיט צער אין האַרצן מוזן מיר צוזען ווי אַזוי אונדזער געבליבענע יוגנט לאָזט זיך אויס סעקסועל אויף אַלע וועגן און שטעגן, נישט טראַכטנדיק איין מינוט וועגן דעם דור וואָס דאַרף קומען; וועגן דעם, אַז אַ נייער דור דאַרף קומען! אָפּגעריסענע, איינצלנע גלידער — ווער דעם מאַן פאַרלאָרן — ווער די פרוי; ווער איר חתן — ווער זיין כלה — איז אַלץ הפקר, מוז יונג בלוט רוישן און דערביי פון קאָנסעקווענצן זיך פאַרהיטן! קען מען זיך דען פאָרשטעלן אַזאַ טראַגעדיע פון אַ פאָלק?

אונדזער פאָלק נייטיקט זיך תיכף ומיד אין אַ פרישער כוואַליע געבורטן! דערצו איז בלויז נייטיק די פסיכישע אויפקלערונג. די שטרעבונג צום סעקסועלן אויסלעבן זיך מוז איינגעראַמט ווערן אין פאַמיליען־גרענעצן און אַזוי אַרום דערזעצן, ווי ווייט מיגלעך, חרובע היימען און פאַמיליעס. אַ שטאַרקע אויפקלערונג מוז געפירט ווערן אין אונדזער מחנה צו פאַרשטאַרקן דאָס שוין געראַטעוועטע מיט אַ פרישן שטראָם מענטשן, וואָס זאָל אונדזער פאָלק שטאַרקן און מערן; וואָלטן מיר אָנשטאָט זיבעצן מיליאָן געווען זיבן און זיבעציק וואָלט קיין מאָל צו אונדזער טראַגעדיע נישט געווען געקומען!

אַ שרעקלעכער ליגן איז אויך די קאָנצעפּציע, אַז מיר זיינען צו פיל! דאַקעגן איז אַ שוידערלעכער אמת, אַז מיר זיינען צו ווייניק! וואָלטן מיר געווען אַ פאָלק פון פופציק מיליאָן, און דערביי שטאָלצע און קרעפטיקע יידן, וואָלט שוין פאַר אונדז געמוזט געפונען ווערן אַ לייזונג! און וואָלטן מיר נישט געווען געליטן פון די אַסימילאַציע־באַוועגונגען און שמד־עפּידעמיעס אין אַלע ציטן — וואָלטן מיר זיך געווען אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון פון אָט דעם עלעמענטאַרן אמת — וואָלטן מיר היינט אַנדערש אויסגעזען אין אייראָפּע און אין דער וועלט; פאַר קיין פאָלק פון פופציק מיליאָן וואָלט מען נישט אויפגע־שטעלט קיין קרעמאַטאָריומס, נאָר אים געגעבן דאָס לאַנד, וואָס אים געהערט!

נישט וועלנדיק זיך גריבלען אין אזעלכע חקירות, ווילן מיר בלויז איינס פעסטשטעלן:

**מיר מוזן אונדזער באפעלקערונג־צאל פארגרעסערן!** אונדזער יוגנט מוז אויפגעקלערט ווערן איבערן חוב חתונה צו האבן און איבערן נאציאנאלן חוב קינדער צו האבן! בלויז א גרעסערע צאל נייגעבוירענע קען פארשטארקן אונדזער פאלקס־קיום!

יעדער יונגער דור טראגט אין זיך דעם קערן פונעם נייעם דור, וואס דארף ארויסגעשלעפט ווערן פון דער צוקונפטס פארבארגענישן ארויס . . . וועלן די איצטיקע לערנען פון די געשעענישן, וועלן אויך די קינדער, וואס וועלן געבארן ווערן, מיטלערנען מיט זיי.

כ'שרייב די בראשור שוין נאך מיין באפרייאונג, אין דער טיפער זארג פאר מיין פאלק און זיין צוקונפט. אט קום איך ערשט צוריק א דערשיטערטער פון א שפאציר איבער שטעט און דערפער פון באזיגטן דייטשלאנד. אט זע איך בחוש ווי אזוי דער היטלעריזם האט, ביאַ־לאגיש גענומען, דעם קריג געוואונען אויף פאקטישע טויזנט יאר שפעטער! אט זע איך די גוט־געפלעגטע אויסגעפרעסענע קינדער, געשפייזטע אין פארלויף פון די קריג־יארן פון אייראפעס קינדערס בלוט און פעטס, געוואַרעמט מיט אונדזערע פארברענטע קינדערס קליידלעך, געזונט און שטארק װערנדיק פון אונדזער רויב, פון אונדזער בלוט — — —

גארנישט. זיי אנטוויקלען זיך ווייטער, קינדלען און מערן זיך, און אונדזער יוגנט שמאכט אין די לאגערס און וועט נאך שמאכטן ווער ווייסט ווי לאנג! נישט קענענדיק באהערשן די געפילן און נישט האבנדיק קיין געזונטן באדן אונטער די פיס, איז זינלאז פאר זיי צו פראפאגירן **חתונות און קינדער־האבן**, פונקט ווי מ'קען זיי נישט פרעדיקן געשלעכטלעכע צוריקגעהאלטנקייט . . .

צי קען מען אבער פאקטיש נישט זיכערן קיין מינימום־עקזיסטענץ פאר אט די, וואס דארפן קומען, פאר די וואס ווילן אויף א נארמאלן אופן ווערן משפחות אין זייער פאלק? צי האבן מיר, די אויסגעקווי־לטע, וויניקער רעכט דערצו, ווי אט יענע אנגעפרעסענע זיגערישע נאציס, וואס גרייטן שוין צו א פרישע ארמיי? פארוואס זאל מען פון זיי נישט אויפמאנען דאס, וואס זיי האבן ביי אונדז גערויבט? און וואס איז מיטן פארמעגן, וואס איז געבליבן אין אנדערע לענדער פון אייראפע? קען מען נישט א גרויסן טייל צוריקבאקומען און פון דעם א פאנד מאכן פאר די קינדער, וואס דארפן קומען און פארגרעסערן

אונדזער אומה? אומאָפּהענגיק דערפון מוז געשאַפן ווערן אַ פאָנד, אַ נאַציאָנאַלער פאָנד איבערהאַלב אונדזער פאָלק אַליין, בכדי צו דער־מעגלעכן עקאָנאָמיש דעם געבורט פון אונדזערע צוקונפטיקע דורות, און דאָס מוז געשען וואָס שנעלער! פאַרשטייט זיך, אַז דערמיט מוז זיך באַשעפטיקן אַן אַלוועלטלעך־יידישע קערפּערשאַפט, וועלכע זאָל אַזאַ זאַך רעאַליזירן!

אַ געוואַלדיקע פּראָבלעם — אין שייכות מיט אָט דער קאָנצעפּציע — איז די עגונות־פראַגע. טויזנטער יונגע מענטשן מוזן געבונדן זיין ביז גאָט ווייסט ווען צוליב דער שוידערלעכער טראַגעדיע, ווען מענער וועלן שוין קיינמאָל קיין געוויערס זיך נישט דערוויסן פון זייערע פרויען און פרויען פון זייערע מענער . . .

עס מוז גערופן ווערן — און תיכף ומיד — אַ קאָנגרעס פון רעליגיעזע אויטאָריטעטן, וואָס זאָלן אָט די פּראָבלעם ווי שנעל לייזן! דער קיום פון פאָלק קען נישט דערלויבן אַזאַ פאַרשלעפּונג פון די בלוטיקסטע פראַגן! עס מוז פאַר די אומגליקלעכע פרויען עפּעס געטאָן ווערן — ווי אויך פאַרן עתיד פון פאָלק וועט מען מוזן געפינען געוויסע קאָמפּראָמיסן — אויב מיר ווילן נישט זיי זאָלן אין פאַרצווייפלונג פון אונדז אַוועק אין גאַנצן . . .

— די צייט וואַרט נישט און מ׳מוז אַלאַרמירן אויף אַלע גלאָקן! —

7.

דער מחבר פון דער שריפט וועט שטענדיק מיט אַ געוויסן שטאָלץ אונטערשטרייכן זיין פּראָלעטאַרישן אָפּשטאַם. ער איז אויך גרייט צו יעדער צייט זיין נאָמען צו געבן איבער יענע לידער זיינע, וועלכע האָבן אַנאָנים זיך געטראָגן פון מויל צו מויל און אין וועלכע ער האָט געזונגען פון פעלקער־גלייכהייט און אינטערנאַציאָנאַלער צוזאַמענ־אַרבעט אין דער פעלקער־משפחה. נאַאיוו זיינען אָבער געוויסע פאָר־וואורפן קעגן אים מצד פאַרשיידענע חברים, ווי אַזוי ס׳פּאָרט זיך מיט אַן אייפעריקער פּראָפּאַגאַנדע פאַר נאַציאָנאַלער אויפלעבונג און אייגנ־אַרטיקער קולטור; מיט פּעסימיזם בנוגע די אַנדערע פעלקער און מיט אָפּוואַרפן די מיגלעכקייטן פון דער בערישער טובה — מצד „פרייע״ פעלקער לגבי אונדז — פון „נישט־אויפגעצוואונגענער״, „נאַטירלעכער״ אַסימילאַציע . . .

דער מחבר האָט זיך קיינמאָל נישט געשטעלט אויף קיין ליניע, וואָס ווערט דיקטירט „מכף רגל ועד ראש" (פון קאָפּ ביז דיא פּיס), און דער שכל־הישר קען באַין אופן נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס מ'מוז ביי אַ סאָציאַליסטישער איינשטעלונג פאַרניינען דעם ציוניזם, אָדער — ווי איז מיר! — די אַלט־יידישע קולטור און טראַדיציע . . .

נאָך אַלס קינד האָט ער קענען געלערנט זיין פאָלק מיט אַלץ און אַלעמען. אין די לאַנגע יאָרן אויף דער ישיבה־באַנק, ביי אַ טריפּנ־דיק ליכטל אין משמור־נאַכט, האָט ער זיין בליענדיקע קינדהייט און יוגנט געלאָזט צעשמעלצן און פאַרגיין. דאָרט האָט ער קענען גע־לערנט די טראַגישע פעלערן פון יענער אָרטאָדאָקסיע, וואָס האָט נישט באַוויזן צוצוקניפּן צו זיך די יוגנט פון אייגענעם פאָלק. ער האָט עס געשפּירט אויף אייגענער הויט און אין דער אַליין־פאַרברענגטער פריידלאָזער יוגנט. קיינמאָל אָבער וועט ער נישט לאָזן פאַרטונקלען און פאַרשוואַרצן אויך דאָס הערלעכע און די דערהייבנקייט פון דער מענטשלעכער נשמה אין יענע פיר ווענט . . .

און זאָל אַמאָל געזאָגט ווערן: מיט אונדזער אייביקן איבערחזרן דאָס וואָרט „יידישע קולטור" מוזן מיר אין קלאָרן זיין: ווי לאַנג האָבן מיר עס אייגנטלעך בדעה אַ יידישע קולטור צו האָדעוען? **אויף אַ דור אָדער פאַר דער אייביקייט?**

אַ געבאָרענער אין פּרצעס שטאָט, ווייס איך אַ קורצן ביישפּיל: אין זאַמאָשטש, פאַרן אויסברוך פון קריג, האָבן פּופּציק פּראָצענט פון דער יידישער יוגנט נישט געוואוסט פון פּרצן . . . פון די אַנדערע, וואָס האָבן אים שוין געלייענט — האָבן די העלפט אים נישט פאַר־שטאַנען . . . פאַרוואָס? **ווייל באַר זייערע עלטערן האָבן געלייענט פּרצן** . . . כ'וויל נישט שלעכט פאַרשטאַנען ווערן: לייענענדיק געוויסע פּרץ־מאָטיוון האָבן זיי זיך אַזויפיל דערמיט איבערגענומען, אַז זיי האָבן זייערע קינדער דערצויגן אַזוי — זיי זאָלן שוין מער נישט וויסן פון קיין „מאָניש", און דער „משוגענער בטלן" זאָל פאַר זיי זיין אַ ספינקס אָדער אַ „נאַרישע פלאַפּלעריי" . . .

דער גרעסטער טייל פון די, וואָס האָבן געלייענט און פאַרשטאַנען פּרצן זיינען געווען קינדער פון דער אָרטאָדאָקסיע, וואָס האָבן אַליין געלערנט . . .

זאָל מען דעריבער פאַרשטיין: **קולטור אָן צו קענען די יידישע טראַדיציע — שטאַרבט אָפּ מיטן דור צוזאַמען!** פּרץ, מענדעלע, גאָרדאָן און סמאָלענסקין זיינען פאַרגעסן געוואָרן **דורך יענעם דור,** וואָס זיי האָבן אַליין אויפגעשטעלט.

אויב יידישע קולטור זאָל אַ בוים זיין — מוז מען פאַר אים אויך די נאַטירלעכע זאַפטן באַזאָרגן. פאַר דער עקזיסטענץ פון אַ יידישער קולטור איז נייטיק אַ קערנדיק־יידישע דערציאונג פון דורות.

.8

וואָלט איך אַזאַ גייסטיקע באַמבע געהאַט, וואָלט איך זי אין אייערע מוחות געשליידערט: זאָל זי אין אייך אויפרייסן יענע דיקע הויט, וואָס האָט זיך פאַרצויגן איבערן געזעענעם, איבערן געהערטן און איבער־געלעבטן! זאָל זי אַריינדרינגען אין אייך און נישט לאָזן אייך איינ־רוען, פאַרגליווערט ווערן!

ווייל דער נס וואָס האָט מיט אונדז געדאַרפט געשען, איז נאָך נישט געקומען! ווייטער שטייט נאָך אונדזער משיח מיט זיינע פאַרבלוטיקטע וואונדן ביי די טויערן פון רוים און וואַרט. און שלעכט איז וואָס מ׳האָט פאַרגעסן אַז ער וואַרט. גאולה האָט מען אויסגע־ביטן פאַר אַ פוטער־בולקע און די קייטן און צוימען וואָס זיינען געוועזן אַרום אונדז זיינען אַריינגעשלעפט געוואָרן טיף אין אונדזער האַרץ אַריין.

ווען מיר טאַקע בלייבן אַ הייפל שלעפער וואָס שפילן אויף יעדן פרעמדן הויף, ווען מ׳וואַרפט אַראָפּ פון אויבערשטן שטאָק אַ מטבע? ! אָדער ווען מיר זיך שוין ענדלעך אַ היים שאַפן? זאָל זי אַ קליינע זיין! אָבער אַ וואַרעמע . . . און ענגע — אָבער אַ היימישע . . . מיט מאַמעשער גוטסקייט און טריישאַפט אין אויג.

רופן וויל איך צו ווידער אומקער צו זיך אַליין, דאָרט אַהין, וואו איר וועט זיך נישט דאַרפן פוצן אין קיין פעדערן און נישט אָנ־הענגען איבער אייער גאַנג קיין פרעמדע טריט . . .

קומט און זעט ווי שווער ס׳איז אייך זיך איינצוראַמען אין פרעמדע ראַמען; ווי אומעטום קריכט איר אַרויף שטאַפל נאָך שטאַפל און ווען איר קומט גאָר הויך, ווערט איר אַראָפּגעשמיסן דורכן פענצטער פון העכסטן שטאָק . . .

טאָ לאָמיר זיך נישט שטופן! לאָמיר טאָן דאָס, וואָס ס׳איז אונדזער חוב צו טאָן, און דערביי ווייטער בלייבן צווישן זיך, ברידער און חברים . . .

לאָמיר צוזאַמען שאַפן דעם גרויסן נס פון אויפשטעלן פון זיך אַליין אַ פאָלק; לאָמיר ווערן דער ציגל און דאָס זאַמד פאַר אונדזער

הויז און זאָלן אונדזערע קינדער שוין די וואַרעמקייט, דאָס רואיקע פאָלקס־לעבן, נאָך אונדז און מיט אונדז, איין מאָל פאַר אַלע מאָל געפינען!

לאָמיר מער נישט זיין קיין ראָבן, וואָס אַנטלויפן ביים ערשטן אויפשפּראָץ פון פרילינג פון דעם אייגענעם איך; לאָמיר שוואַלבן זיין, וואָס קומען ביים ערשטן רוף פון אַ וואַרעמער זון און נעמען בויען נעסטן... לאָמיר זיך איבער דער גרויקייט ענדלעך אַמאָל דערהייבן! און וואָס איז אַז שטיינער ליגן אויף די וועגן? מיר האָבן שוין געזען, אַז ס׳קען געלינגען דורכן גיהנום אַליין אַדורכצוגיין און לעבן בלייבן! און פאַר זיין יידן, זויבערע יידן, וועט מען אונדז נישט ברענען מער! אדרבה, אין אַ ריינער וועלט האָבן מיר נאָך אין אונדזער קולטור מיט וואָס צו אימפּאָנירן, באַגייסטערן...

קומט און זעט ווי אין יאַפּאַן האָט אונדזער קולטור אויפגערודערט קוצוזון און אים פאַר אַן איבערגעגעבענעם זון פון אונדזער פאָלק געמאַכט; זעט ווי אין פאַשיסטישן שפּאַניע האָבן אַ סך פון קריסט־לעכע געלערנטע גענומען זוכן אַ וועג צום יידישן ספר... מיינט איר נישט, אַז אונדזער געדאַנק קען אַמאָל נאָך אַ ברייטערן, נאָך אַ היל־כיקערן אָפּקלאַנג באַקומען?

זאָל בלויז דער נייער ייד קומען מיט דער פּשוטער ערלעכקייט אין האַרץ און אין טאַט, און אַלטע, אָפּגעדאַרטע צווייגן אונדזערע וועלן זיך צעגרינען, וועלן קומען ביי אונדז לעבנס־זאַפט זויגן... אין מיין וויזיע זע איך שוין די קראָאים, די פאַלאַשן פון כוש, די שומרונים און די אַלע אַנדערע פאַרלאָרענע קינדער פון אונדזער אומה, ווי זיי קומען צוריק זוכן ביי אונדז אַן אָנלען, אַ קרעפטיקונג... און פּאַטענץ האָבן מיר נאָך! און וואַרעמקייט אויך! פאַר אַלע ברידער אונדזערע פון נאָענט און ווייט — — —

... זאָל בלויז אַ קולטור־קאָנגרעס גערופן ווערן! זאָלן קומען דערצו אַלע, וואָס פילן אין זיך דעם יידישן טראָפּן, פון רעכטס ביז לינקס! זאָלן קומען די גרויסע און די קליינע, זאָל מען ביי איין טיש ווי יידן זיך אַמאָל צוזאַמענרעדן און זאָל מען אַן איינהייטלעכע פאָרם אָננעמען, יענע פאָרם וואָס זאָל אונדז אַלע ווי קינדער פון איין פאָלק פאַראייניקן.

מעגן חילוקי־דעות זיין, מעג אַ פּרינציפּן־פאַרשיידנקייט עקזיס־טירן! זאָל אָבער באַשטעטיקט ווערן: מי ומי ההולכים: לאָמיר וויסן, ווער עס שטעלט זיך אונטער דער יידישער פאָן, ביי וועמען יידישע

קולטור איז הייליק און וואָס עס מוז אַלץ ווערן אין דער יידישער קולטור אַריינגערעכנט . . . לאָמיר וויסן וויפל מיר זיינען פאַקטיש און אויף וויפל מיר האָבן צו רעכענען! . . . **לאָמיר וויסן צו וועמען מיר האָבן זיך נאָך צו ווענדן און וועמען מיר האָבן צו רופן . . .** לאָמיר זיך צוזאַמענרעדן וואָס עס טיילט אונדז פונאַנדער און וואָס עס פאַר־אייניקט אונדז!

אפשר וועלן מיר דאָך צווישן זיך, יעדער איינער פאַרלירן אַ ביסל עקשנות, נאָכגיביקער ווערן, ברידערלעכער, האַרציקער . . . און מיר וועלן דאָך וויסן ענדלעך: **דאָס זיינען מיר! דאָס ווילן מיר! דאָס דערוואַרטן מיר און דאָס וועלן מיר טאָן צוזאַמען!**

הערט נישט די שטים פון אַ יונגן מענטשן אין די ראָזיקע שורות, נאָר דאָס קול פון יענער וועלט, נאָר פון איינעם אַזאַ, וואָס איז מיט יענע מיליאָנען טויטע געווען צוזאַמען און — צוריקגעקומען . . . און דורך אים שרייבן זיי זייער נאָמענלאָזע צוואה:

**בויט אויף אויפסניי דאָס יידישע פאָלק! שטעלט אויף צום לעבן דעם נייעם ייד!**

9.

דאָס יונגע יידנטום, וועלכעס כ'זע דורך טויזנטער דאָרנדיקע וועגן אויפשטייַן אויפסניי צום לעבן, וועט נישט זיין קיין פאָלק פון ר' שמעלקע תמס ווי אין ר' מענדעלעס הגדה;

נישט קיין מלאכים־כאַפּער און בעלי־חלומות זע איך אין מיין וויזיע, נאָר מענטשן פון בלוט און פלייש.

לייבישעס, איטשעס, וועלוולס און סרולס זע איך אויפשטייַן באַגינען צו פערד און וואָגן אָדער צום אַקער מיט קרענץ פון פערל, געגאָסענע פון כשרן אַרבעט־שווייס אויפן שטערן . . . און זייערע טעכטער זע איך מיטן ריינעם יידישן פאָלקסליד אויף די ליפּן, אינעם איינפאַכסטן קליידל ביים צוהעלפן גאַרבן די בינטלעך אין פעלד.

דאָס אויפגערייצטע לוקסוס־לעבן האָט געלערנט: דו האָסט שטענדיק ווייניק! ווייניק איז דאָס צענטע שלעפּ־קלייד און ווייניק איז די מילדע רויטקייט, וואָס די נאַטור האָט די ליפּן געשענקט . . . נאָך, נאָך! מער פאַרב פאַר די ליפּן! מער קרויזן פאַר די האָר! מער ראָז פאַר די באַקן און מער פּוסטע נעכט צו די משוגענע טעג! . . .

אויב דאָס זאָל דאָס נייע לעבן הייסן — וועט עס פּאַר אונדז אַלט ווערן, אָפּגעלעבט און נישט נוציק מער . . .

דעם יונגן יידן, וואָס קומט, זע איך אַלס אויפריכטיקן נאַטור־מענטש. מיט אַ געזונטן צוגאַנג צום לעבן וועט זיין יוגנט זיך נישט אויסשעפּן פריער סעקסועל בכדי שפּעטער, נאָך דער חתונה, צו האָבן קינדער האַלבע דעגענעראַטן. אויסגעוואָרצלט וועט ביי אים זיין אַלץ, וואָס ברענגט אַריין גרייצטקייט און נערוועזיטעט אין לעבן . . .

איר, באַפרייטע פון די געטאָ־קייטן און פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ווערט טייל מאָל פאַרכאַפּט פון יענעם אומגעזונטן פּסיכאָז, אַז „מ׳דאַרף זיך אָפּנעמען פון לעבן פאַר די גאַנצע זעקס יאָר". ווייסט איר אָבער די שעדלעכע ווירקונג פון אַזאַ איינשטעלונג צום לעבן ? באַרעכנט איר נישט די גרויזאַמע פאָלגן, וואָס עס קען מיט זיך ברענגען אַ לעבנס־איבערגעשפּאַנטקייט און איבערזעטיקונג ?

דער נייער „יונגער ייד", וואָס האָט געלעבט אין די שרעקלעכע באַדינגונגען ווייסט אַן אַנדער סך־הכל צו ציען :

אויב מ׳האָט געקאָנט פאַרשקלאַפערטערהייט גיין אין שמאַטעס, הונגערן און עסן מיט אָפּעטיט קאַרטאָפל־שאָלן — דאַרף מען איצט צופרידן זיין מיט דער פריי, מיט אַ מענטשלעכער וואוינונג, אַ גאַנצן בגד און נאָרמאַל מענטשלעך עסן צו דער זעט . . . גראָד דאָס לאַגער־לעבן פון פריער האָט פון אונדז געדאַרפט אַרויסטרייבן יענעם דיבוק פון איבערגעפרעסנקייט און ווילדן לוקסוס אויף אייביק. **אויף דער שוועל פון אומגעזעטיקטקייט שטייט דער חורבן אין אַלע געשטאַלטן זיינע !**

ווידער אַ מאָל קען מען הערן פון אייך, באַפרייטע ברידער און שוועסטער מיינע, זיך אויסדריקן : „וואָס ? איצט ווייטער אַרבעטן ? מיר האָבן שוין גענוג געאַרבעט !"

ס׳איז נישט קיין עוולה פון אייך, ווען איר האָט געחלומט פון בעסערע באַדינגונגען בימי־היטלער ; און ס׳איז אויך אייער כשרע און הייליקע רעכט צו פאָדערן מיטהילף פון אייערע גליקלעכערע ברידער פון יענער זייט וועלט, ביים אויפשטעלן אייך אויף די פיס. איר טאָרט אָבער נישט בלייבן ביים געדאַנק, אַז אַרבעט איז אַ קללה. **אַרבעט ביי היטלערן איז געווען שקלאַפנטום און טויט. די אַרבעט פאַר זיך און ביי זיך איז דאָס געזינטסטע פנים פונעם לעבן !**

מיר מוזן איצט ענדגילטיק איבעררייסן מיט אַלע קראַנקע דער־שיינונגען, וואָס האָבן זיך איינגעגעסן אין אונדזער אָרגאַניזם, זייט

יאָרן און דורות. דער „יונגער ייד", וועלכן כ'זע אויפשטיין ביי דער פאַרבלוטיקטער ווייסל און ביים דניעפּר, ביים כנרת און ביי די ברעגן פון פלאָרידאַ וועט אויף זיין פאָן אויפשרייבן:

**העי, קינדער, צו דער ערד!**

אויף דער פרייער שוים פון דער נאַטור וועט אפשר דער צוקונפט־טיקער דור זיינער אויפוואַקסן שטאַרק און מוסקוליעז, מיט געזונטע נערוון און אַ צעמענטירטן גייסט. ווער־ווער נאָר מיר האָבן עס שוין זיכער גענוג מיט די שטיקנדיקע רויכן און מיט די אַקראָבאַטישע מסחר־אָפּעראַציעס! לאָמיר שוין אונדזערע קינדער אַריינברענגען אין אַ נישט־פאַרשווענדערישער אָבער געזונטער וועלט אַריין. פּאַראַלעל מיט דער אַרבעט פאַר אַן אייגן לאַנד, שפּראַך און קולטור דאַרף אויך ווערן געאַרבעט איבער דעם מענטש, וואָס וועט, וואָס זאָל דאָס אַלץ קענען פאַרדייען...

**דער יידישער הייגטצייטיקער נח, וואָס קריכט איצט אַרויס פון דער אייראָפּעאישער תיבה טאָר שוין נאָכן בלוטיקן מבול נישט בויען קיין וויינגאָרטן, בכדי זיך דערמיט צו פאַרשכורן... גיכער וועט ער זאָרגן, אַז זיין גרויסער אָדער קליינער זון זאָל אים זיין נאָמען נישט באַדעקן מיט שאַנד...** אויב די וועלט וועט זיך איבערבויען און איבערשיכטן איז פאַר אונדז אַ ספק און דווקא אַ גרויסער. פאַר די אַלע איידעלע גייסטער איבער דער וועלט, וואָס זוכן עס צו טאָן — זאָל אויסגעשטרעקט זיין אונדזער האַנט מיט ברידערלעכער מיטהילף און שותפות!

ביי אונדז אַליין אָבער, אין אונדזער אייגענער יידישער וועלט, איז עס **דער חוב פון דער שעה!** דער פאַשיזם האָט פאַר אונדז אַזעלכע באַדינגונגען געשאַפן **אויך נאָך דער באַפרייאונג, אַז — ביי אונדז ברענט!**

מיר מוזן שוין צוטרעטן צו דער אחריותפולער אַרבעט פון אָרגאַניזירן די יידישע רעשטן פון אייראָפּע, נאָך איידער זיי ווערן גענצלעך צעריבן און פאַרלאָרן!

ביי ווענען עס איז נאָך נישט געשטאָרבן דער לעצטער — אָדער ווער עס האָט נאָך אין זיך אַ ביסל טעמפּעראַמענט — זאָל עס טאָן אויף זיין שטייגער און אין זיין אומקרייז. זאָלן זיין דערווייל קעמערלעך דאָ און דאָרט — עס וועט שוין קומען די האַנט, וואָס וועט זיי אַלע צוזאַמענקניפּן און פאַראייניקן!

זאָל פון דאַנען די ערשטע ווענדונג זיין צו די אַלע, וועלכע דער איצטיקער מצב פאַרשאַפט טרויער און שאַנד: **נישט אַראָפּפאַלן דערפאַר!**

באַזייטיקט אַלע מכשולים אויף די וועגן און שליסט אייך צו־זאַמען מיט יעדן יידן, מיט וועלכן איר קענט זיך בלויז צוזאַמענרעדן! ראַטעוועט זיך און אַנדערע מיט אייך פון יענעם קאָשמאַר, וואָס הענגט נאָך איבער אונדז.

נישט קיין פינף טויזנט יאָר שקלאַפן־פּיראַמידן, נאָר אַ פינף טויזנט יאָר לעבעדיק יידיש פאָלק וואַרט אויף אייער שטורעמען דעם מכלומרשטן יידנבאַרג!

זאָל אייך דער געדאַנק פון פאָלקס־בויער לייכטער מאַכן אייער וועג אַלס מענטשן און אַלס יידן. געדענקט, אַז אויף אייערע נאָענטע האָריזאָנטן שטייט מיט בלוטיק־רויטער שריפט געשריבן:

**דער נייער, יונגער ייד!**

בוכענוואַלד, ביי וויימאַר, ענדע מאַי, 1945.

# נאָכוואָרט פון מחבר

אין 1939 איז ביים מחבר אויפגעשטעלט געוואָרן אַ בוך „איבער דער געשטאַלטונג פון אַ יונג יידנטום״. דער מחבר האָט דאַן זיין בוך געשריבן אויף אָרטאָדאָקסישע קאָנצעפּציעס. אין פאַרלויף פון די זעקס יאָר לאַגער־לעבן איז ער אַ סך עלטער געוואָרן און זיך געענדערט. צוזאַמען מיט אַלע זיינע ווערק און כתבים איז אויך דאָס ווערק פאַר אים פאַרלאָרן. זיין דעמאָלטדיקן דעוויז: „מיטן רוקן צו אייראָפּע!״ האָט די געשיכטע באַשטעטיקט מיט דער בלוטיקסטער פעדער אירער. ס׳איז אָבער נאָך גאַנץ ווייט אפילו ביי דער איצטיקער טראַגישער צאָל פון יידן אין אייראָפּע, זיי אַלע ארויסצופירן אויף דעם בעסטן און איינציקסטן וועג זייערן: ארץ־ישראל! מיטן „שלילת־הגלות״ וועלן מיר די לעצטע, פּסיכיש און מאָראַליש איינגעבראָכענע, יידן גענצלעך פאַרלירן. אַ שווער־קראַנקן פירט מען נישט אויף קיין ווייטן וועג אין אַ פולקאָם היילאַנשטאַלט, נאָר מ׳גיט אים די ערשטע בעסטע הילף אויפן אָרט, אָט וואו ער ליגט!

און אָט דעם געשריי נאָך אַ באַלדיקער, מאָמענטאַלער הילף באַצוועקט די איצט־אָנגעשריבענע בראָשור.

ווי ביי אַ שווער־קראַנקן צוקאָפּנס — האָט נישט קיין זין דער־ביי פּאָליטישע אָדער רעליגיעזע דיסקוסיעס צו פאַרפירן! און פאַר די רעשטן פון אונדזער פאָלק איז נאָך איצט דאָ די געפאַר פון אונטער־גיין אַלס פאָלק מער אפשר ווי אין אויפגעצוואונגענעם פריער!

ס׳איז דעריבער אַ ווענדונג קודם־כל צו אַלע פּאָליטישע פאַרטייען וועגן דער איבערפּאָליטישער געפאַר, פון מאָראַלישן און פיזישן צו־זאַמענברוך; וועגן דער זעלבסטמערדערישער און אַליין־פאַרלייקע־נערישער טענדענץ פון שוואַכע, קראַנקע נשמות און די פאַרשיידענע נעץ־פאַרשפּרייטער, מכל המינים.

אוודאי פעלט נאָך דאָ די קאָנקרעטקייט, די פּלאַנמעסיקייט. ס׳איז אָבער בלויז אַ ווייגעשריי, וועלכן מען קען נישט אָפּשאַצן לויט אַלע כללים פון דער זינג־קונסט . . .

**דאָ ווערט אַרויסגעשריען!** פון איינעם אַזעלכן ווי אַלע, וואָס האָט נאָך דאָס לעצט ביסל פייער און דאָס לעצטע שטיקל געדולד נישט פאַרלאָרן! ס'איז בלויז בכדי אָנצורעגן, **צו דערמאָנען און אויפמערקזאַם צו מאַכן,** בכל לשן בחישותא.

צו די אַלע וואָס פילן זיך אַלס יידישע אָרגאַניזאַציעס זאָל דעריבער דאָס זיין דער רוף: **קומט און שטאַרקט די יידישע ציטערדיקע קני!** דערהאַלט זיי קודם ביים יידישן באַוואוסטזיין און ביי זייער מענטשלעכער הויך און שפּעטער, מיינע הערן, שפּעטער וועלן מיר דיסקוטירן.

פאַריז, אין יוני 1945.